# שלום עליכם

# אן עצה



פארלאג קולטור-ליגע ווארשע

לויטן אָפּמאַך פֿון פֿאַרלאַג „קולטור=ליגע“
(וואַרשע) מיט די יורשים פֿון שלום=עליכם איז
פֿאַרבאָטן צו קויפֿן און פֿאַרקויפֿן דעם דאָזיקן
בוך אין אַמעריקע, ענגלאַנד, פֿראַנקרייך און
דייטשלאַנד,

דאָס בוך דרוקט זיך פֿון פֿריִער=צוגעגרייטע
מאַטריצן, דעריבער איז דאָ פֿאַרבליבן די
אַלטע אָרטאָגראַפֿיע.

געדרוקט אין 2500 עקז.

וואַרשע 1922 דרוקעריי „די וועלט“

SZOLEM ALEJCHEM—MAJSES UN MONOLOGN.

Drukarnia „DI WELT“, Warszawa, Nowolipie 7.

– שוין פֿון אַ טאָג דריַי, אַז עס גערהט צו דיר אַ יונגער־מאַן אַלע אין דער פֿריה און בייַטאָג און אויפֿדערנאַכט און טרעפֿט דיך ניט אין דערהיים. ער דאַרף דיך, זאָגט ער, זעהר נייטיג זעהען!

אַזוי האָט מען מיר אָנגעזאָגט אַ בשורה, בשעת איך בין געקומען איין מאָל צו פֿאָהרען פֿון וועג אַ היים.

– מסתמא אַ מחבר מיט אַ „ווערק"! — אַזוי האָב איך מיר געטראַכט און האָב מיך אַוועקגעזעצט צום טיש און נאָר גענומען זיך צו דער אַרבייט — אַהאַ, מע קלינגט שוין! עס עפֿענט זיך די טהיר און עמיצער דאָרטען פֿאָרקעט זיך, טהוט אויס די קאַלאָשען, הוסט, שנייַצט די נאָז — אַלע סמנים פֿון אַ מחבר, איך וואָלט שוין וועלען זעהען דעם פּאַרשוין! גאָט האָט געהאָלפֿען ער איז אַריין, אָפּגעמאַכט צו מיר אַ גאַנץ פֿיינעם „באי בשלום", דאָס הייסט אָפּגעטראָטען אויף אַ פּאָר טריט צוריק, געמאַכט אַ מין רעווערענס, געריבען בשעת מעשה אַ האַנד אָן אַ האַנד, האָט ער זיך מיר פֿאָרגעשטעלט און אָנגערופֿען אַ נאָמען פֿון דער הגדה, איינע פֿון די נעמען, וואָס אָט האָט איהר דאָס געהערט און אָט האָט איהר דאָס פֿאַרגעסען, אַוועקגעפֿלויגען.

– זיצט! מיט וואָס קאָן איך אייך דיענען?

– איך בין געקומען צו אייך מכח זעהר אַ נייטיגע זאַך, דאָס הייסט, פֿאַר מיר איז די זאַך נייטיג, זעהר נייטיג, ממש קאָן מען זאָגען נוגע אין לעבען אַריין, און נאָר איהר, אַזוי מיין איך, וועט דאָס פֿערשטעהן. איהר שרייבט אַזוי פֿיעל, אַז איך מיין, אַז איהר בעדאַרפֿט וויסען אַלסדינג און איהר בעדאַרפֿט זיין אַ מבין אויף אַלסדינג. אַזוי מיין איך, דאָס הייסט ניט איך מיין, נאָר איך בין איבערצייגט, אַז ס'איז אַזוי.

איך בעטראַכט מיין פּאַרשוין: אַ טיפּ פֿון אַ קליינשטעדטעלדיגען משכיל, אַ מחבר; אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאַס פּנים מיט גרויסע שוואַרצע רחמנות־אויגען, דאָס הייסט אַזעלכע אויגען, וואָס בעטען זיך: „האָט רחמנות אויף איין עלענדע, אַ פֿאַרבלאָנזשעטע נשמה". איך האָב נישט

ליעב אזעלכע אויגען; פאר אזעלכע אויגען האב איך מורא: קיין מאל ראבען זיי נישט, טהוען נישט קיין שמייכעל, שטענדיג פערטיעפט אין זיך — איך האב פיינט אזעלכע אויגען.

— א נו ווייזט, וואס האט איהר דארטען? — מאך איך צו איהם, לעג אוועק די פען, שפאר מיך אן אויפ'ן בייגקיל און ווארט, אז אט באלד נעהמט ער זיך צום בוזעם און שלעפט ארויס א היבש פעקיל כתבים, געוויס א ראמאן אין דריי טיילען, לאנג ווי דער יודישער גלות, אדער א דראמע אין 4 אקטען, וואס די פארשוינען הייסען: מערדערזאהן, עהרליכמאן, פרומהארץ, ביטערצווייג, וכדומה אזעלכע נעמען, וואס פון זיי אליין זעהט איהר שוין ארויס, מיט וועמען איהר האט צוטהון... און אפשר איז דאס גאר נייע לידער פון ציון:

„אהין אויף די בערג טהוט איהם ציהען,
„דארט וואו דער אדלער טהוט פליהען,
„דארט וואו דער איילבערט טהוט בליהען,
„דארט וואו די נביאים האבען געטהון ריהען,
„און פאר גאט געטהון קניהען...

מיר זענען קענטליך די דאזיגע לידלעך, די דאזיגע גראמען, וואס קריבען פונ'ם האלז, שעמערירען אין די אויגען, זשעמען אין די אויערען און לאזען איבער אין הארצען נאך זיך א ווילדע פוסטקייט, א מארנע וויסטעניש אויף דער נשמה.

שטעלט אייך אבער פאר, איצטיגעס מאל האב איך דוקא נישט געטראפען: דער יונגערמאן האט זיך ניט גענומען צו דער בוזעם־קעשעני, ניט ארויסגעשלעפט קיין פעקיל כתבים, ניט אין זינען געהאט אפילו ליי'ענען מיר א ראמאן, א דראמע אדער נייע לידער פון ציון. ער האט נאר צורעכט געמאכט דעם קאלנער פון העמד, אויסגעהוסט זיך פריהער און א זאג געטהון צו מיר:

— איך בין געקומען צו אייך אהער הייסט דאס נישט מעהר ווי אויסדערצעהלען אייך מיין ביטער הארץ און זיך איין עצה האלטען מיט אייך. אזא מענש ווי איהר בעדארף מיך פארשטעהן. איהר שרייבט אזוי פיעל, אז איהר מוזט וויסען אלסדינג און נאר איהר קאנט מיר געבען די רעכטע עצה, און גלויבט מיר, וואס איהר וועט מיר זאגען, דאס וועל איך טהון. איך גיב אייך מיין עהרען ווארט! האט קיין פאר־איבעל נישט, אפשר נעהם איך צו ביי אייך צייט?

— נישקשה, עס מאכט נישט אויס, דערצעהלט, דערצעהלט! —

מאַך איך צו איהם און פֿיהל, ווי אַ שטיין איז מיר אַראָב פֿונ'ם האַרצען, און דער יונגערמאַן רוקט זיך צום טיש און הויבט אָן צו דערצעהלען זיין ביטער האַרץ פֿריהער פּאַוואָלינקע, געלאַסען, און וואָס ווייטער מיט אַלץ מעהר היץ:

* *

*

– אַליין בין איך, דאַרפֿט איהר וויסען, אַ יונגערמאַן, ווי איהר זעהט מיך, פֿון אַ קליין שטעדטיל, דאָס הייסט דאָס שטעדטיל איז גאָר ניט אַזאַ קליין שטעדטיל און דוקא אַ היבש שטעדטיל, אַ שטאָדט קאָן מען זאָגען, נאָר געגען אייער שטאָדט הייסט דאָס אַ שטעדטיל. דאָס דאָזיגע שטעדטיל, אַזוי מיין איך, קענט איהר דוקא זעהר גוט, נאַר איך וויל דאָס אייך ניט פֿורש בשמו זיין, מחמת אַ קשיא אויף אייך, איהר קאָנט דאָס נאָך באַשרייבען, פּאַסט דאָס מיר ניט איבער אַ סך טעמים... מיט וואָס איך פֿאַרנעהם זיך ווילט איהר וויסען? המ... איך פֿאַרנעהם זיך... הייסט דאָס טהוען טהו איך לעת עתה גאָר־ניט ניט, זיך נאָך הייסט דאָס אויף קעסט ביי שווער און שוויגער, דאָס הייסט, ניט אויף קעסט, נאָר אין איינעם זיצען מיר, אויף אַלעם גרייטען, מחמת זי איז, דאַרפֿט איהר וויסען, אַ בת יחידה, אַ איין־און־איינציגע, הייסט דאָס, מעהר ניטא ביי זיי קינדער, אַ חוץ די איינע טאָכטער, און זיי קענען נישקשה באַשטעהן אונז אויסהאַלטען נאָך צעהען יאָהר, מחמת זיי זענען, דאַרפֿט איהר וויסען, פֿאַרמעגליכע לייט, מע קאָן אויף זיי זאָגען נגידים, און ווערדליג ביי אונז הייסען זיי גרויסע נגידים, גבירים אַדירים, וואָרום רייכער פֿון זיי איז שוין ביי אונז ניטאָ. מיין שווער בעדאַרפֿט איהר געוויס קענען, אַזוי מיין איך, איך וויל אייך ניט פֿורש בשמו זיין, סע פּאַסט נישט, ער איז אַ יוד, דאַרפֿט איהר וויסען, וואָס האָט ליעב זיך לאָזען הערען אויף דער וועלט, מע זאָל איהם קענען. למשל, אויף באָברויסקער נשׂרפֿים האָט ער געגעבען די שענסטע נדבה, אויף קעשענעוו האָט ער געשאָנקט מעהר פֿון אַלעמען; אין שטאָדט גופֿא ביי אונז גיט ער אפֿילו ווינציג וואָס, נאָר אין דער פֿרעמד האָט ער ליעב זיך אויסשטעלען פֿיין, אַלע זאָלען וויסען; ער איז, פֿערשטעהט איהר מיך, גאָר קיין נאַר נישט. ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָ, אין שטאָדט, האָט מען סיי וסיי פֿאַר איהם דרך ארץ, פֿאַר ווערמען

בעראַרף ער זיך דאָ אויספּײַנען? איז ער זיך מישב און שטעלט זיי גאָר אַ פּײַנ. ער איז אַ מענש, וואָס קאַטאָרי ער קאָן נישט געבען, ער זאָגט אַליין, אַז ער קאָן נישט געבען. אַז מע קומט צו איהם נאָך אַ נדבה, ווערט ער טויט און זאָגט: „שוין? איהר זענט שוין געקומען נעהמען? נאַט אײַך די שליסלעך און געהט אײַך אַליין צו דער שאַפּע און נעהמט אײַך וויפיעל איהר דאַרפט"... מיינט איהר דאָך מסתמא, אַז אָט נעהמט ער אַרויס די שליסעלעך? האָט איהר במחילה אַ טעות! די שליסעלעך פון דער שאַפּע ליגען בײַ איהם סך-הכל פאַרשלאָסען אין אַ טישקעסטיל, און אַחוץ דעם ליגט דאָס שליסעלע פון טישקעסטיל אויך ערגיץ באַגראָבען. אָט אַזאַ מענש איז ער, דער שוועהר מײַנער. און וואָס זאָלט איהר קלערען? אודאי ווי דער מענש פערדיענט, אַזאַ נאָמען האָט ער. צווישען אונז ריידענדיג, הייסט ער טאַקי בײַ אונז אין שטעדטיל דער דבר אחר... געוויינטליך אונטער די אויגען, אין די אויגען חנפ'ט מען איהם אַזוי, אַז סע שלאָגט צום הארצען, און ער איז זיך מישב און נעהמט דאָס אָן דוקא פאַר גוט געלד, גלעט זיך דאָס בײַכעל, און לעבט זיך אָב אַ גוטען טאָג. סטײַטש געלעבט! לעבען צו לעבען איז נישט גלײַך! באַרעכענט אײַך נאָר אַליין, אַ מענש טהוט נישט קיין האַנד אין קאַלט וואַסער; שען געזעסען, פײַן געגעסען, גוט געשלאָפען, וואָס ווילט איהר נאָך? נאָכ'ן שלאָפען הייסט מען אײַנשפּאַנען דאָס פאַיעטאָנדעל און מען פאָהרט אַרוים אַביסעל אויפ'ן שפּאַציר איבער דער בלאָטע, און קומט פאַרנאַכט געהט מען זיך צעניף מענשען פון שטאָדט, דער מיט אזאַ מין פזמון, דער מיט אַזאַ מין רכילות, אַ נעכטיגען טאָג, און מע באַרעדט די גאַנצע שטאָדט און מע לצ'ועט אָב פון דער גאַנצער וועלט; נאָכדעם דערלאַנגט מען דעם גרויסען סאַמאָוואַר און מען זעצט זיך אַוועק מיט שמואל-אבא דעם שוחט שפּיעלען אין דאָמינעס. שמואל אבא דער שוחט, דאַרפט איהר וויסען, איז אַ יונגערמאַן טאַקי מיט פּאה'לעך, נאָר אַ היינטוועלטיגער שוין, מיט אַ ווײַסען קאָלנער, מיט אויסגעפוצטע שטיוועלעך און אַנטלויפט נישט פאַר קיין יונגע ווײַבעלעך. און האָט אַ פײַן העלזעל, קאָן שען זינגען, און שרײַבט אויס אַ „בלאַט", און שפּיעלט זעהר גוט אין שאַך און אין דאָמינעס, און אַז זיי זעצען זיך שפּיעלען אין דאָמינעס קאָנען זיי אַוועקשפּיעלען אָט אַזוי אַ גאַנצע נאַכט, און דו זיץ און קוק און געניץ. דאָס מויל ווערט שיער נישט צעריסען. נעהם זשע, דו שוטה, שטעה אויף און געה דיר אוועק צו צו זיך אין הדר'ל און זעץ זיך איבער אַ בוך צי איבער אַ בלאַט-צײַטונג?

איז נײן! פֿאַר וואָס? סע פּאַסט נישט. סע זיצט אַ פֿרעמדער מענש, ווי אַזוי הויבט מען זיך אויף און מע נעהמט און מע געהט אַוועק אין מיטען דרינגען? פֿאַר אַזאַ מעשה דאַרפֿט איהר וויסען ווערט דער שווער ברוגז, דאָס הײסט, זאָגען זאָגט ער גאָר נישט, נאָר ער בלאָזט זיך אָן ווי אײן אינדיק און ענטפֿערט נישט, חאָטש רעד צו איהם צוהעצטערהײד. און אויף איהם קוקענדיג אויך די שוויגער! און ווי באַלד שוועהר און שוויגער זענען נישט בשוה בשוה מיט׳ן אײדעם, קוקט שוין זי אויך, צו אַלדע שוואַרצע יאָהר — פֿאַרט אַ בת יחידה אײן-און-אײנציגע בײ טאַטע-מאַמע, וואָס זײ זענען, זאָגט זי, בײ איהר דאָס חיות מיט דער נשמה, און זי בײ זײ דאָס אויג אין קאָפּ, מיט סכנות נפשות, אַזוי אַז טאָמער מאַכט זיך, זי ווערט עפּיס נישט מיט אַלעמען, איז באַלד דער דאָקטאָר, באַלד קעהרט זיך איבער די וועלט! נו, איז שוין עפּיס אַ חדוש, וואָס אַזאַ נפש ווי זי נעהמט זיך איבער און מײנט, אַז די גאַנצע וועלט איז בעשאַפֿען געוואָרען נאָר פֿון איהרעטוועגען? און דערצו דאַרפֿט איהר וויסען איז זי נאָך נישט איבעריג קלוג אויך, דאָס הײסט, אַזוי אפילו, אַז איהר וועט מיט איהר רעדען איז זי, דאַכט זיך, נישט קײן נאַר, נאָר קײן נאַר נישט, מע קאָן זאָגען אַ קלוגע, אַ גאַנץ קלוגע, אַ חרוצה, אַ מאַנסבילשער קאָפּ אויף איהר! נאָר וואָס דען? אָט דאָס, וואָס זי איז צעבאַלעוועט, צעפּעסטעס, אַ ווילדע ציג, טאָג ווי נאַכט אָדער חאַ-חאַ-חאַ, אָדער גאָר אַ וואָרף געטהון זיך אין בעט אַרײן און צעוויינט זיך ווי אַ קלײן קינד. „וואָס איז דיר? וואָס פֿעהלט דיר? וואָס וויינסט דו? וואָס ווילסט דו?״ — ענטפֿערט די וואַנט? מילא. וואָלט דאָס נאָך אויך געווען אַ האַלבע צרה. אַ ווײב אַז זי ווײנט, ווײנט זי אַזוי לאַנג ביז זי ווײנט זיך איבער! איז אָבער׳ דער חסרון — די שוויגער; ווערט געוואָהר די שוויגער, קומט זי צולויפֿען אין אײן איבפּעט מיט׳ן טערקישען שאַל אויף די פּלײצעס, ברעכט די הענד און לײענט מיט אַ נוסח פֿון תחינות, און אַ קול האָט זי, דאַרפֿט איהר וויסען פֿון אַ מאַנסביל: „וואָס איז דיר, טאָכטער לעב? ווידער ער? אָט דער רוצח, דער גזלן, דער מערדער? ווינד איז מיר! וואָס אַרט דאָס איהם, אַ שטײגער, וואָס איך האָב נאָר אײן אויג אין שטערען? דער בויך האָט איהם וועה געטהון? צי ער האָט בלוט פֿאַרגאָסען?״ שיט, שיט מיט רעד ווי פֿון אַ זאַק! עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז זי וועט אײביג אַזוי שיטען, קײן מאָל נישט אויפֿהערען, און עס זיגעט מיך בײם האַרצען, עס נאָגט די נשמה, און עס נעהמט מיך אָן אַ חשק נעהמען איהר טערקישען שאַל, צעקנײטשען מיט די הענד,

צעטרעטען מיט די פּיס און צערײַסען אויף שטיק־שטיקעלעך! חאָטש אײַנענטליך, אַז מע וויל שמועסען צוריק, וואָס האָב איך צו איהר שאַל? אַ שאַל ווי אַלע טערקישע שאַלען, וואָס מע ברענגט זיי צו פיהרען פון בראָד. איך בעדאַרף זײַן באַקאַנט די דאָזיגע טערקישע שאַלען: געמאָלטע, מיט רויטע, געלע, גרינע, ווײַסע, שוואַרצע קעסטעלעך, מיט שפּרײַנקעליך באַשפּרײַנקעלט און מיט פּרענזעלעך באַפּרענזעלט...

— זײַט־זשע מוחל, יונגערמאַן! — האַק איך איהם איבער סאַמע אין מיטען — דאַכט זיך, איהר האָט געזאָגט, איהר ווילט זיך עפּיס אַנ'עצה האַלטען מיט מיר מכּח אַנ'ענין?...

— האָט קײַן פּעראיבעל נ.ט — מאַכט ער און חאַפּט איבער דעם אָטעם. — אפשר נעהם איך צו בײַ אײַך צײַט? נאָר דאָס איז נײטיג געוועזען, פאַרשטעהט איהר מיך, טאַקי צום ענין, איהר זאָלט ווערען אַביסעל באַקאַנט מיט דער שטוב און מיט די מענשען, און אַז איהר וועט ווערען באַקאַנט מיט דער שטוב און מיט די מענשען, וועט איהר ערשט דעמאָלט פאַרשטעהן די לאַגע מײַנע... איז ווי באַלד זי ווערט חלילה נישט מיט אַלעמען, מײַנע הײסט דאָס, הויבט אָן די שוויגער וואָרטשען, און דער שוועהר הײסט אײַנשפּאַנען דאָס פאַיעטאָנדעל און שיקט אַוועק נאָכ'ן דאָקטאָר, „דעם נײַעם דאָקטאָר". אַזוי טאַקי רופט מען איהם בײַ אונז „דער נײַער דאָקטאָר" — איך וויל אײַך ניט פּורש בשמו זײַן, חאַפּט איהם דער וואַטענמאַכער! און אָט אַדאָ הויבט זיך ערשט אָן די רעכטע חתונה, וואָס וועגען דעם טאַקי האָב איך אײַך געוואָלט דערצעהלען און זיך מיט אײַך אַנ'עצה האַלטען.

מײַן פּאַרשוין שטעלט זיך אָפּ אויף אַ מינוט, ווישט זיך אויס דאָס פאַרשוויצטע פּנים, רוקט זיך צו צו מיר מיט'ן בײַנקעל אַ ביסעל נעהנטער און גרייט זיך צו דערצעהלען ווײַטער, נעהמט בשעת מעשה אין האַנד אַרײַן אַ זאַך אויף צו האַלטען, מחמת ס'איז פאַרהאַן מענשען, וואָס אַז זיי רעדען מוזען זיי עפּיס האַלטען אין דער האַנד, אַנדערש קאָנען זיי ניט דערצעהלען קײַן מעשה; בײַ מיר אויפ'ן שרײַב־טיש שטעהען אויסגעשטעלט פערשיעדענע זאַכלעך, ראַריטעטען, צאַצקעס און צווישען זיי אויך אַ קלײַן וועלאָסיפּעדעל, אַ ציגאַרענשנײַדער. דאָס דאָזיגע וועלאָסיפּעדעל האָט אַזוי נושא חן געווען בײַם עולם, אַז איטליכער וועלכער עס קומט אַרײַן צו מיר, איז קודם־כּל נעמהט ער זיך צום וועלאָסיפּעדעל. אויך דעם דאָזיגען פּאַרשוין מײַנעם איז דאָס וועלאָסיפּעדעל אַ פּנים שטאַרק געפעלען; פריהער האָט ער דאָס בשעת דערצעהלען

בעטראַכט, נאָכדעם געגומען אין האַנד, נאָכדעם געפּרובט דרעהען די רעדעלעך, הכלל ער האָט דאָס וועלאָסיפּעדעל שוין מעהר פון די הענד ניט אַרויסגעלאָזט, און אַזוי האָט ער אָנגעהויבען צו דערצעהלען ווייטער:

— אַליזאָ „דער נייער דאָקטאָר". דאָקטוירים, דאַרפט איהר וויסען, איז פאַרהאַן ביי אונז אין שטעדטיל אַזוי ווי די הינט; פאַרהאַן דאָקטוירים קריסטען און פאַרהאַן יידישע דאָקטוירים און דאָקטוירימלעך; פאַרהאַן אויך דאָקטוירים ציוניסטען, דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס פאַרנעהמען זיך מיט ציוניזם; נאָר דער דאָקטאָר, וואָס איך דערצעהל אייך, איז נאָך גאָר אַ יונגער דאָקטאָר, טאַקי אַ היימישער, אַ שניידערס אַ זוהן, דאָס הייסט, דער פאָטער זיינער איז געוועזען אַ מאָל אַ שניידער — היינט איז ער שוין אוים שניידער, ווארום ווי שטעהט איהם אָן זיין אַ שניידער, אַז ער האָט אַ זוהן אַ דאָקטאָר? מיין איך פאַרקעהרט, ווי שטעהט אָן דעם זוהן דעם דאָקטאָר צו האָבען אַ טאַטען אַ שניידער און נאָך אַזאַ מין שניידער, וואָס איז צווישען שניידער אַ שניידער? דהיינו: אַליין איז דאָס אַ יודיל, דאַרפט איהר וויסען, אַ קליינס מיט אַ וואַטאָווע קאַפּאָטע און מיט אַ קאַסאָקע אייגעל און מיט אַנ'איינגעבויגענעם פינגער, און אַ קול האָט דאָס ווי אַ גרייגער, און סע געהט אַרום טאָג ווי נאַכט און סע גרייגערט: „מיין דאָקטאָר האָט דאָס נעכטען געהאַט אַ פּראַקטיקע, אי אַ פּראַקטיקע! מיין דאָקטאָר אַז ער וויל קען ער! מיין דאָקטאָר!" ער פאַרהאַקט איטליכען בעזונדער דעם קאָפּ מיט זיין דאָקטאָר! און דערצו איז נאָך דער דאָקטאָר, צו די צרות, דאַרפט איהר וויסען, אַ ווייבערשער דאָקטאָר, דאָס הייסט אַנ'אַקושאָר, איז וואו ערגיץ אַ סוד פויקט ער אוים דער קאַסאָקע שניידער איבער דער גאַנצער שטאָדט, — אַז אַך און וועה איז שוין יענעם ווייבעל אָדער יענעם מיידיל, וואָס פאַלט אַריין צום דאָזיגען דאָקטאָר אין די הענד, און צו זיין פאָטער דעם שניידער אין מויל אַריין... עס האָט זיך אַנומעלטען געטראָפען ביי אונז אַ מעשה, אַ מיידיל איז געוועזען ביי אונז...

— זייט זשע מוחל, יונגער־מאַן — האַק איך איהם איבער נאָך אַמאָל אין מיטען די רייד — דאַכט זיך, איהר האָט געוואָלט מיט מיר זיך עפּיס אַנ'עצה האַלטען.

— האָט'קיין פאַראיבעל ניט, אפשר נעהם איך צו ביי אייך צייט? נאָר איך האָב אייך אָנגעהויבען מיט'ן דאָקטאָר, ווייל ער איז אין גאַנצען דער מלאך־המות טאַקי! ווען ניט ער, וואָלט דאָך מיר געוועזען

גוט ווי די וועלט, וואָרום וואָס פֿעהלט מיר, איך בעט אייך? אַז אַ ווייבעל האָב איך, דאַרפֿט איהר וויסען, אַ פּאַרשוין, אַ יפת תּואר קאָן מען זאָגען, און קיין קינדער, דאַרפֿט איהר וויסען, האָבען מיר נאָך ניט, און אַ בת יחידה איז זי, איינאון־איינציגע, איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר איז דאָס אין גאַנצען איהר'ס, מיינס הייסט דאָס, און כּבוד האָב איך אויך ניט צו פֿאַרזינדיגען, ווערליג אַ נגיד'ס אַנ'איידעם, ניט זשעדנע, דאַנקען גאָט, נישט קיין אויבען אָן, נישט קיין מפטיר שבת און יום־טוב, נישט קיין כּבוד, אַז סע מאַכט זיך ערגיץ אַ ברית, אויך מיט'ן אתרוג צו די הושענא'ס בין איך דער ערשטער נאָכ'ן שוועהר: פֿריהער דער הזן נעווייענטליך, נאָכדעם דער רב, נאָכדעם דער שוועהר, נאָכדעם איך, נאָכדעם ערשט דער איבעריגער עולם. און אפילו אין מרחץ, להבדיל, אַז איך טהו מיך אוים און קום אַריין, מאַכט דער בעדער אַ טאַרעראַם: „לאָזט נאָר, יודען מאַכט אַ וואַרע, דעם נגיד'ס איידעם געהט!" איך שווער אייך בנאמנות, אַז סע איז מיר פּריקרע, איך האָב עס פֿיינט, שייך זאָגען פֿיינט? חנופה האָט אימ־ליכער ליעב און פֿון כּבוד זאָגט זיך קיינער נישט אָפּ'עט, נאָר וואָס דען? ס'איז שוין צופֿיעל, ובפֿרט, אַז איך ווייס, אַז איך האָב עס כּלל נישט פֿאַרדינט. וואָס איז? באשר דער שוועהר איז אַ נגיד? לאָזען זיי איהם חנפה'נען, לאָזען זיי איהם לעקען, זייט מיר מוחל, צעזעצ־טערהייד, וואָס קעהר זיך דאָס אָן מיט מיר? ווילדע מענשען, זאָג איך אייך, נאָך גאָר ווילדע מענשען, און איך באַדאַרף זיצען מיט זיי ווי אין געפֿענקעניש, וואָרום צונויפֿגעהן זיך מיט אַבי וועמען לאָזט מען מיך נישט, ווי פּאַסט דאָס פֿאַר'ן נגיד'ס איידעם? רעדען מיט'ן שוועהר, איז נישט דאָ מיט וועמען, ער איז, דאַרפֿט איהר וויסען, אַ פּראָסטער נפש, זעהר אַ פּראָסטער נפש, אַ גרויסער עם־הארץ, זאָל ער מיר מוחל זיין, ווי ער הערט נישט, אַזוי זאָל איה ם נישט שאַדטען, און זי, אַ ווילדע ציג אַ בת־יחידה, ווי איך האָב אייך געזאָגט, אָט לאַכט זי און אָט וויינט זי, אָט איז חאַ־חאַ־חאַ, און אָט טהוט זי זיך אַ וואַרף אין בעט אַריין און מע שיקט נאָכ'ן נייעם דאָקטאָר — און דער בייער דאָקטאָר, פֿאַרחאַפּט זאָל ער ווערען! דערמאָן איך זיך אָהן איהם, ווערט מיר נמאס ומאוס דאָס לעבען מיינס! איהר מעגט מיר זיבער גלויבען, סע מאַכט זיך אַמאָל אַ צייט, אַז סע ווילט זיך מיר אָדער חאַפּען אַ מעסער און שטעכען זיך, אָדער אַוועקלויפֿען צום טייך און טרינקען זיך — אַזוי ווייט איז מיר נמאס דער דאָזיגער דאָקטאָר.

און דער יונגערמאַן פֿאַרטראַכט זיך, ווערט טרויעריג.

— וואָס זשע, איהר זענט זי, הייסט דאָס, חושר? – זאָג איך צום יונגענמאַן, און היט זיך מיט אַן׳איבעריג וואָרט.

— חס ושלום! – מאַכט ער צו מיר, און חאַפּט זיך אויף ווי אַן׳אָפּגעבריהטער און רוקט זיך צו צו מיר נאָך נעהנטער – וואָס איז שייך זאָגען איך בין זי חושר? אַ יודישע טאָכטער! אַ כשר קינד... איך רייד פֿון איהם, רייד איך, פֿון שענעם דאָקטאָר, ברענען זאָל ער. און נישט אַזוי נאָך דער דאָקטאָר, ווי דאָס שענע פֿאָטער׳ל זיינס, דאָס קאַסאָקע שנײַדערל מיט דער וואַטאָווע קאַפּאָטע, פֿאַר׳שרפֿ׳הט זאָל ער ווערען! ער געהט אַרום טאָג ווי נאַכט און גרײַנערט און פּויקט איבער דער גאַנצער שטאָדט. איהר מיינט דאָס גרײַנערען האָט עפּיס אַ ממשות? בלאָטע, גאָלע גאָר נישט, עס האָט אַ צונג און סע רעדט!! עס וואָלט מיך געאַרט, מאָלט אײַך, ווי דער פֿאַר־יאָהריגער שניי. איז אָבער דער חסרון, וואָס אַ מענש האָט אויערען און אויערען האָבען ליעב האָרכען, און אַז מע האָרכט זיך גוט צו, דערהערט מען אַזעלכעס, וואָס מען וואָלט דאָס נישט געוואָלט האָרכען, ובפֿרט נאָך בײַ אונז אין שטאָדט. אַ שטאָדט, דאַרפֿט איהר וויסען, פֿון גאָלע רכילות׳ניקעס מיט לשון־הרע׳ניקעס מיט לאַנגע צינגער, וואָס האָבען אַ שם אויף דער וועלט! נעהמט מען אַרײַן בײַ אונז אַ מענשען אין מויל אַרײַן, מעג ער זיך שוין אָבגעזעגענען! פֿאַר מיר אין די אויגען, מאָלט אײַך, היט מען זיך, נאָר אונטער די אויגען האָב איך עטליכע מאָל געהערט אַזעלכע ווערטער, אַז איך האָב מיך אָנגעהויבען צוקוקען, שטאַרק צו־קוקען, חאַפּען ווערטער, טאַפּען רייד און – למאי זאָל איך זאָגען? – איך האָב נישט אַרויסגעזעהען גאָר נישט, לחלוטין גאָר נישט, בלתי אײַן זאַך האָב איך אַרויסגעזעהען, וואָס אַז ער קומט צוגעהן, ווערט זי גאָר אַן׳אַנדער מענש, מיט אַן׳אַנדער פּנים, מיט אַנדערע אויגען, דאָס הייסט דער מענש איז דער זעלבער מענש, מיט׳ן זעלביגען פּנים, מיט די זעלביגע אויגען, נאָר דער קוק איז אַן׳אַנדערער. איהר פֿאַרשטעהט? ס׳איז גאָר אַן׳אַנדער קוק מיט אַן׳אַנדער גלאַנץ! איהר מיינט, איך בין נישט קיין בעלן געווען אפֿשר אַ פֿרעג טהון זי: „זאָג מיר נאָר, וואָס איז די מעשה, נשמה מײַנע, וואָס אַז ער קומט צוגעהן, ווערסט דו גאָר אַן׳אַנדער מענש?״ טרעפֿט, וואָס זי האָט מיר דערויף געענטפֿערט? זי האָט זיך צולאַכט מיט אַזאַ מין חאַ־חאַ־חאַ, אַז איך האָב געמיינט איך וועל מיך באַגראַבען אַ לעבעדיגער, און טאַקי באַלד

נאָכ'ן גרויסען געלעכטער, האָט זי זיך אַרײַנגעוואָרפען אין בעט אַרײַן מיט אַזאַ מין יללה, אַז ס'איז געקומען צולויפען די שווינגער מיט'ן טער־קישען שאל און האָט זי גענומען מינטערען. און בשעת מעשה האָט זי אויסגעלײַענט איהר ביסעל תחינות, און דער ש־עהר האָט געחאַפּט דאָס פאַיעטאָנדרעל און געשיקט נאָכ'ן דאָקטאָר, טאַקי מיך אַליין; און אַז דער דאָקטאָר איז געקומען, איז איהר די רגע געוואָרען גרינגער, ס'איז איהר אַרײַן די פאַרב אין פנים, און די אויגען האָבען איהר אָנ־געהויבען גלאַנצען, ווי בריליאַנטען אקעגען דער זון ... און שטעלט אײַך פאָר די שענע לאַנגע מײַנע: אַז איך בעדאַרף צו איהם אַרײַנ־קומען אין שטוב אַרײַן איז, מעגט איהר מיר זיכער גלויבען, גלײַך ווי אויף יענער וועלט. אין גיהנם אַרײַנצוגעהן בעדאַרף זײַן אַ סך מעהר ניחא! הײַנט אָנקוקען דאָס פנים זײַנס, אַנ'אײַדעל פּנים'על! רויט ווי אַ צוויק, אַזש בלוילעך, און יעדער פּרישטש, יעדער פּרישטש, באַזעצט מיט פּרישטשעס! און האָט אַ טבע שמײַכלען, שמײַכעלט ווי אַ פגר אויס־געוואַשען. צי מען דאַרף צי מען דאַרף נישט, – ער שמײַכעלט! שטענ־דיג געשמײַכעלט, און צו איטליכען בעזונדער איז ער צוגעלאָזט, און ווער שמועסט צו מיר? צו מיר איז ער תמיד צוקער־זיס און ווייך, חאָטש לייג איהם צו צו אַ מכה. זײַן גוטסקײַט צו מיר האָט נישט קיין שיעור און קיין ערך! אַנומעלטען בין איך געווען נישט אין בעסטען גיזונד, געהאַט די הײַנט־מאָדישע קרענק, די אינפלוענצע, וואָלט איהר בעדאַרפט זעהן, ווי דער מענש האָט זיך דאָס אַוועקגעלעגט פאַר מיר, עס איז מיר אַזש געווען איבער דער טבע! און מערקווירדיג, וואָס מעהר ער איז צו מיר גוט, אַזוי מעהר (גאָט זאָל מיך נישט שטראָ־פען), האָב איך איהם פײַנט, אָנקוקען קאָן איך איהם נישט, ובפרט דעמאָלט, ווען ער זיצט בײַ אונז און זײַ קוקען זיך דורך מיט איהר!... מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך קאָן איהם אָננעהמען פאַר'ן קאַרק און אַרויסוואַרפען אין דרויסען אַרויס, וואָלט מיר צוגעקומען אַ שטיק גע־זונד! איך קאָן נישט אַריבער־טראָגען זײַן קוקען, וואָס ער קוקט אויף איהר, מיט זײַן שמײַכעל, וואָס ער שמײַכעלט צו איהר. און איך האָב מיר געגעבען דאָס וואָרט איין מאָל פאַר אלע מאָל, אַנ'עק לאָז דאָס האָבען! ביז וואַנען איז דער שיעור צו לײַדען בזיונות? די גאַנצע שטאָט, דאַרפט איהר וויסען, האָט שוין מיט מיר צוטהון! קיין אַנדער עצה איז פאַר מיר נישט פאַרהאַן – נאָר אַ גט! קיין אַנדער מבוא זעה איך גאָר נישט! אַי וואָס? אַ תכליה? אַ שוועהר אַ גביר? אַ בת־יחידה?

איבער הונדערט יאָהר אין גאַנצען איהרס, מיינס הייסט דאָס? אַ שענע ריינע כפרה! אלאהי וואָס האָב איך געטהון פריהער? וואָס טהוען אַ סך אַנדערע יונגע לייט? נישט דאָ קיין אנדערער פּלאַן! ווי זאָגט איהר? אַ יאָ, נישט דאָ קיין אַנדערער פּלאַן, אַ חוץ גט׳ן זיך?

---

דאָ האָט מיין פּאַרשוין ווידער אַ מאָל איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, אויסגעווישט דאָס פּנים און געוואַרט אויף מיר, וואָס וועל איך זאָגען.

– איך ווייס? איך מיין אויך אַזוי, אַז ס׳איז נישטאָ פֿאַר אייך קיין אַנדערער פּלאַן, אַ חוץ גט׳ן זיך, ובפרט אַז איך זעה נישט אַרוים, אַז די ליעבע ביי אייך זאָל זיין אַזוי פּלאַקערדיג, און קיין קינדער, הער איך, האָט איהר במילא נישט, און די שטאָדט רעדט, הייסט צו וואָס נוצט אייך דער גאַנצער מסחר?

די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב גערעדט, האָט מיין פּאַרשוין גע־דרעהט די רעדעלעך פֿונ׳ם וועלאָסיפּעדעל און געקוקט אויף מיר מיט זיינע שווארצע טיעפֿע רחמנות־אויגען, און אַז איך האָב אויסגעלאָזט, האָט ער זיך צוגערוקט צו מיר נאָך נעהנטער און אָנגעהויבען מיט אַ זיפֿץ:

— איהר זאָגט ליעב האָבען? וואָס איז שייך צוזאָגען, פֿיינט האָב איך זי נישט. פֿאַר וואָס זאָל איך זי פֿיינט האָבען? איך האָב זי בפירוש ליעב, נײן, טאַקי שטארק ליעב!... און וואָס איהר זאָגט די שטאָדט רעדט? לאָז זי רעדען פֿון פֿייער און פֿון וואַסער! מיך ברענט נאָר אויף איהם, אַ פֿייער ברענט אין מיר! אויף איהם און אויף איהר! וואָס איז אויף איהר אַזאַ גדולה, אַז זי דערזעהט איהם? פֿאַר וואָס, זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווערט זי נישט רויט און פֿרעהליך, אַז זי דערזעהט מיך? מיט וואָס בין איך ערגער פֿון איהם? דערמיט וואָס ער איז אַ דאָקטאָר און איך נישט? מען זאָל מיך געוועזען לערנען אַזוי ווי איהם, וואָלט איך אפשר אויך געוועזען אַ דאָקטאָר, און אפשר נאָך אַ גרעסערער דאָקטאָר ווי ער. איהר מעגט מיר גלויבען בנאמנות, אַז אין די קליינע אותיות, ווי איהר זעהט מיך, וועלען מיר זיך נאָך אויס־גלייכען מיט איהם, און אויף לשון־קודש וועל איך איהם נאָך אפשר פֿאַרשטעקען אין גאַרטעל אויך! בין איך מיר אָבער מיישב ווידער־צוריק, וואָס האָב איך אייגענטליך אויף איהר אַזעלכע טענות געזאָגט,

וואָס איך זאָל איהר געבען אַ גט? אַי דער נײַער דאָקטאָר? וואָס וואָלט איך געטהון, ס׳זאָל זײַן אויפ׳ן אָרט פון דעם נײַעם דאָקטאָר אַנ׳אַנדער שוואַרץ יאָהר? און וואו שטעהט דאָס געשריבען, אַז אַ ווײַבעל טאָר נישט זײַן בעקאַנט מיט אַ דאָקטאָר? האָט איהר אײַך איין מאָל אַוועק. והשניה, וואָס וועט זײַן פון מיר דער תכליה, ווען למשל איך גט זיך מיט איהר אָב? אַז אַליין, דאַרפט איהר וויסען, בין איך אַ יונגעל אַ יתום, אַנ׳עלענדער, אָהן אַ קרוב, אָהן אַ גוטען פרײַנד, גאָה ווער צוריק אַנ׳אָרים בחור און האָב חתונה. הויב אָהן נאָך אַ מאָל, הײַסט דאָס, אַלף־בית? און פון וואַנען ווײס איך, אַז איך וועל מאַכען בעסער? טאָמער פאַל איך אַרײַן נאָך אין אַנ׳ערגערען גיהנם? ווי די מעשה איז, דאָ ווײס איך שוין מײַן צרה, און בין פאָרט, ווי זאָגט ער, קראָנפרינץ, דעם נגיד׳ס אײדעם, איבער הונדערט יאָהר איז דאָס פאָרט איהרס, מײַנם הײַסט דאָס... איהר פאַרשטעהט? וואָס וועל איך געהן מאַכען קאָמבינאַציעס, „שפּעגעלירען”? ס׳איז דאָך נישט מעהר ווי אַ שפּיעל, אַ לאָטערײַע, וואָס? נישט אַזוי? וואָס זאָגט איהר? ס׳איז נישט קיין שפּיעל? נישט קיין לאָטערײַע?

— איך מײַן – זאָג איך – אויך אַזוי, ס׳איז אַ שפּיעל, אַ לאָטערײַע. אודאי איז בעסער שלום אײדער גט׳ן זיך.

איך בין זיך מחיה, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז מײַן עצה קומט אויס מעהר אויף שלום אײדער אויף גט, און איך מײַן, אַז איך בין שוין מיט איהם פאַרטיג. צום סוף חאַפּט ער דאָס וועלאָסיפּעדעל און רוקט זיך צו צו מיר גאַנץ נאָהענט און רעדט מיר גלײַך אין פּנים אַרײַן:

— שלום? איהר זענט אפשר געהרעכט; איך דערמאָהן מיך אָבער אָן איהם, פאַרחאַפּט זאָל ער ווערען, דעם דאָקטאָר, הײַסט דאָס, מיט׳ן פרישמשעוואַטען פּנים! דער טאַטע זײַנער, דער קאַסאָקע שנײַדער, דאַרפט איהר וויסען, געהט אַרום סאַי וסאַי און פּויקט איבערן שטאָדט, אַז דעם נגיד׳ס טעכטעריל האַלט בײַ גט׳ן זיך. איהר פערשטעהט אַ ניעדעריגקײַט פון אַ פאַלגע? נעחײַ בי וואָלט ער חאָטש ניט געפּויקט! איז ווי באַלד מען רעדט שוין דערפון אין שטאָדט, הײַנט וואָס האָב איך דאָ אָנצעוועהרען? ווי זאָגט מען: דאָס שאַרבען וועט שוין שאַרבענדיגער ניט ווערען. כל־זמן עס איז נאָך געווען בסוד איז גאָר ניט, אַ קניפּ אין באַק – די פאַרב זאָל שטעהן. אָבער איצט, אַז אַלע רעדען שוין וועגען גט, איז שוין פון מיר אַליין, דאַכט מיר, אַ גראָבקײַט, וואָס איך האַלט

זיך. עס איז שוין קיין אַנדער ברירה ניט פֿאַרהאַן אַ חוץ גט. האַ? וואָס זאָגט איהר? נישט אַזוי?

— איך מײן — זאָג איך — אויך אַזוי, ווי באַלד אַלע ווײסען שוין און אַלע רעדען שוין וועגען גט, איז דאָס פֿון אײך שוין גראָבליך און איהר האָט שוין טאַקי קײן אַנדער ברירה ניט אַ חוץ גט.

— האַלט איהר, הײסט דאָס — מאַכט ער צו מיר און רוקט זיך צו מיט'ן בײנקעל כמעט אויף מיר — האַלט איהר, הײסט דאָס, אַז איך בעדאַרף איהר דורכ'אויס געבען גט? באַקלערט נאָר די זאַך אַקוראַט, למשל, איהר זענט דער רב, און איך קום צו אײך מיט מײן ווײב זיך גט'ן, און איהר טהוט מיך אַ פֿרעג: „זאָג מיר, יונגער מאַן, פֿאַר וואָס גט'סטו דו זיך מיט דײן ווײב?" וואָס קען איך אײך דערויף ענטפֿערען פֿאַר אַ תשובה? באשר, וועל איך אײך ענטפֿערען, זי קוקט אויפ'ן דאָקטאָר, און דער דאָקטאָר קוקט אויף איהר, נו? האָט דאָס אַ טעם? פֿרעג איך אײך! זאָל איך זײ נעהן פֿאַרשטעלען די אויגען? און וואָס פֿאַר אַ פּנים וועל איך דערטאָלט האָבען פֿאַר דער וועלט? אדרבה, זאָגט שוין איהר אַלײן, גענומען און אָפּגע'גט אַ ווײבעל אַ יפת־תואר, אַ בת־יחידה, אַ נגיד'ס אַ קינד איבער הונדערט יאָהר אינגאַנצען איהרס, מײנט הײסט דאָס, וואָס? וואָס וועט זאָגען די וועלט? משוגע! האַ? וואָס? אפשר ניט אַזוי? אַ יאָ, פֿריש און געזונד און משוגע?

— איך זאָג אויך אַזוי, פֿריש און געזונד און משוגע.

דאָ האָט מײן פּאַרשוין זיך צוגערוקט צו מיר שוין אַזוי נאָהינט, אַז אונזערע בײדענס פּיס זענען אויסגעקומען אינאײנעם ווי צונויפֿגעפֿלאָכטען, און אויפ'ן אָרט פֿונ'ם וועלאָסיפּעדעל, וואָס ער האָט דאָס געפּטר'ט, האָט ער צוגערוקט צו זיך דאָס סינטעריל מײנס. ער האָט אַ זיפּ'ץ געטהון און ווידער געדרשה'ט:

— אײך איז גרינג צו זאָגען אויף יענעם: פֿריש און געזונד און משוגע! איך וואָלט אַ בעלן געווען וויסען, וואָס וואָלט איהר געטהון למשל, ווען עס טרעפֿט זיך מיט אײך אַזאַ מעשה? דאָס הײסט, ווען איהר האָט אַ שוועהר אַ גראָבען יונג, אַ שוויגער מיט אַ טערקישער שאַל, וואָס זי האַלט אין אײן וואָרטשען, און אַ ווײב, וואָס זאָל זײן געזונד און שטאַרק, און זאָל זיך כסדר דאָקטאָרען, און די שטאָדט זאָל אויף אײך טײטען מיט די פֿינגער: „אָן גערהט ער, דער יונגער מאַן פֿון דער ציג!" מיר דאַכט, אַז איהר וואָלט אין מיטען האַלבע

נאַכט זיך אויפגעחאַפּט, אָפּגעגנ'ט און אַנטלאָפען, וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט. וואָס אפשר נישט אַזוי?

– איך מיין – זאָג איך – אויך אַזוי, אַז איך וואָלט און מיטען האַלבע נאַכט זיך אויפגעחאַפּט, אָפּגעגנ'ט און אַנטלאָפען, וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט.

– אודאי איז אייך גרינג צו זאָגען – מאַכט ער – אויפגעחאַפּט. אָפּגעג'נט און אַנטלאָפען, וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט! גלאַט גערעדט „אַנטלאָפען"! וואָס אַנטלאָפען? וועד אַנטלאָפען? וואוהין אַנט-לאָפען? אין דער ערד אַריין? און דאָס, וואָס זי איז אַ בת-יחידה... איין-און-איינציגע... איבערהונדערט יאָהר איננאַנצען איהרס, מיינט הייסט דאָס?... דאָס איז איז גאָרנישט?... און גלאַט, וואָס האָב איך צו איהר, וואָס האָב איך צו איהר? ניין, זאָגט מיר, וואָס האָב איך צו איהר?

– איך מיין – זאָג איך – אויך אַזוי: וואָס האָט איהר צו איהר?

– סטייטש – זאָגט ער – נו, און דער דאָקטאָר? דעם דאָקטאָר האָט איהר פאַרגעסען?! כל-זמן איך זעה דעם דאָזיגען מלאך-המות פאַר די אויגען, קאָן איך זי נישט זעהען, קאָן איך אויף איהר פּנים נישט קוקען!

– ווי באַלד אַזוי, — זאָג איך, – מוזט איהר זיך גט'ן.

– וואָס זשע, – זאָגט ער, – וועט זיין דער תכלית? וואָס קאָן אַזאַ יונגערמאַן ווי איך טהון ביי היינטיגע ביטערע צייטען? אדרבה, זאָגט איהר! זייט אַ יוד אַ חכם!

– דאַרף מען זיך, – זאָג איך, – ניט גט'ן.

– ניט גט'ן? נו, און דער דאָקטאָר? כל-זמן...

– דאַרף מען זיך גט'ן, – זאָג איך און וויל מאַכען אַ נ'עק.

– גט'ן? וואָס זשע איז פאַר אַ תכלית? סטייטש...

– איז ניט גט'ן.

– נו, און דער דאָקטאָר?

* * *

איך ווייס ניט, וואָס מיט מיר איז אַזעלכעס געשעהן, עס האָט מיר אַ זעץ געטהון דאָס גאַנצע בלוט אין קאָפּ אַריין, כ'איז מיר פינצ-

טער געוואָרען אין די אויגען, איך האָב אָנגעכאַפּט מיין פּאַרשוין פאר׳ן גאָרגעל, איהם צוגעקוועטשט צו דער וואַנט און נישט מיט מיין קול געשריגען:

— גט׳ן זי זאָלסט דו, ממזר! גט׳ן זי!! גט׳ן זי! גט׳ן זי!!!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף אונזער ביידענס געשריי האָט זיך צעגויפגעלאָפען מיין גאַנ׳ן הויזגעזינד. וואָס איז? וואָס איז דאָ געשעהען? — גאָר ניט! גאָר ניט! דערזעהען מיין טויט פנים אין שפּיגעל, האָב איך זיך אַליין ניט דער־קענט. און ביי מיין פּאַרשוין האָב איך נאָכדעם עטליכע מאָל געמוזט בעטען מחילה, איהם געקוועטשט די האַנד, אָנגעזאָגט טויזענד מאָל, ער זאָל פאַרגעסען, וואָס צווישען אונז איז פאָרגעקומען... עס מאַכט זיך אַמאָל, האָב איך איהם געזאָגט, אַז אַ מענש געהט אַרוים פון די כלים. מיין יונגערמאַן איז געווען אַביסעל מבולבל, ווי צעמישט, מודה געווען, אַז אַ מענש איז ניט ביי זיך אין די הענד, עס מאַכט זיך אַ מענש געהט אַרוים פון די כלים... און מיט דעם זעלבען „באי־בשלום", וואָס ער איז אַריינגעקומען צו מיר, איז ער אַרויסגעגאַנגען פון מיר, דאָס זעלבע בויגען זיך, די זעלבע עטליכע טריט צוריק, די זעלבע רעווערענסען, דאָס זעלבע רייבען מיט די הענד.

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, טאָמער האָב איך ביי אייך צוגענומען צייט, און אַ דאַנק פאַר דער עצה... אַ גרויסען דאַנק אייך און זייט געזונד!

— ניטאָ פאַר וואָס... פאָהרט געזונד.

